**מיכאל** : (קוקט פילן.)

**דארא** : (זי פרשלט אויף די טיר לינקס) איצטער, קינדער אונזערע, גייט דורך דער פרייער און ברייטער טיר!...

(עמס, רעדענדיק פרידע, נאך איהר יוליאן, פולעצט די קליינע פילע מארשירענדיק ארויס דורך דער ברייט געעפענטער טיר.)

**מיכאל** : (ער קוקט מיט בריים געעפענטע אויגן אין דער ווייט, וואו ווינגע קינ־דער ווערען פערשוואונדען. מורמלט:) ווי גרויס זיי, די דיינע וואונדער... ווי גרויס זענען דיינע וואונדער.

**דארא** : (מיט הערצליכע מיכאלס הענט, קוקט אין דער אפענער טיר אנגע־שפאנט. שרייט די נאך, איהרע קינדער:) מונטערער, מונטע־רער... די זון לעשט ניט אויס!...







יוליאַן : איך קלײַב זיך נאָך איצטער אין וועג אַרײַן.

מיכאל : און דו פרידע ביסט אויך דאָ ?

פרידע : מיט אײַערע קינדער וואַקס איך איצטער.

מיכאל : (צו טילען) וואָס טראָגסטו אַזעלכעס אויף דײַן קאָפּ ?

טילע : איך טראָג די זון אויף מײַן קאָפּ.

עמאַ : צי דערקענסטו, פאָטער, דײַנע קינדער ?

מיכאל : (פאַסט אויס טרעהרען) איך דערקען אײַך, מײַנע קינדער. הינטער מײַנע פּלײַצעס זענט איהר אויסגעוואַקסען... אײַער פאָטער האָט זײַן טרוים נעזוכט אין איהר... שען ווי דײַן מוטער ביסטו... ווי האַרמאָנירען זײַ אַלע אינ־אײַנעם!

יוליאַן : וואָס וועסטו זאָגען דײַן זוהן, אײדער ער וועט פון דײַן שטוב אַרויסגעהן ?

מיכאל : וואוהין, מײַן קינד, געהסטו דען ?

יוליאַן : איך געה אַלע פערשלאָפענע טרוימער צום לעבען וועקען.

מיכאל : אַלע טרוימער, אַלע טרוימער... דײַן פאָטער...

עמאַ : אונזער פאָטער האָט די מוטער וואַך געמאַכט.

מיכאל : (צו עמען) וואוהין געהסטו, מײַן קינד ?

עמאַ : די נאַכט איז גרויס; איך פיהר אַרויס די לבנה מיט די שטערען, זײַ זאָלען די נאַכט בעלויכטען.

מיכאל : (צו פרידען) און דו וואוהין געהסטו ?

פרידע : ס'איז נאַכט, אַלע שלאָפען — איך וועל פאַר דעם פער־שלאָפענעם לעבען דער טרוים פון בעגינען זײַן.

מיכאל : (צו טילען) און דו מײַן יונגסטע טאָכטער ?

טילע : איך טראָג די זון אויף מײַן קאָפּ.

מיכאל : ווער האָט דיר די זון איבער דײַן קאָפּ אָנגעצונדען ?

טילע : די מאַמאַ האָט זי מיר אויפ'ן קאָפּ אָנגעצונדען.

שמעקענדיג. איהר געזיכט האָט יונגערליך אויפגעבליהט.)

**מיכאל** : דאָרא, וואו זענען די צוואנציג יאָהר פערשוואונדען געוואָרען?...

**דאָרא** : און ווי מיט צוואנציג יאָהר צוריק וועל איך פון שטוהל אַראָבשפּרינגען. (זי שפּרינגט אַראָב און פאַלט אין זיינע אָרעמס. שווייגען א צייט)

**מיכאל** : (שטיל) ווי שען איז די יונגער!

**דאָרא** : ווי שען איז אונזער יונגער!.. (זי בעפרייט זיך פון איהם, רופט:) קינדער מיינע! קינדער מיינע!..
(די טיר אין הינטערגרונד, פון מיכאלס שטאַליע, עפענט זיך אויף, און עס קומען פון דאָרט אַרויס אין מאַסקען-קאָסטיומען עמא, פרידע, יוליאַן און מילע.)

**עמא** : (געקליידעט אין הימעל-בלויען זייד און אויף איהר, אַרום, פינקלען שטערען. אויפ׳ן קאָפּ א קרוין מיט א האַלבע לבנה. זי פיהרט פאַר׳ן האַנד פרידען.)

**פרידע** : (געקליידעט אין אונשולד-ווייס. אויף איהרע הענד, א קאַסטל און קאָפּ שטעהען מיטבען קלאָר-ווייסען)

**יוליאַן** : (אין הימעל-בלויער-קליידער. אין איין האַנד א שטעקען, אין דער צווייטער א לאַמטערן. זיין אויסזעהן שטאַלץ און דרייסט. פיהרט פאַר׳ן האַנד מילען)

**מילע** : (געקליידעט הימעל-בלוי. האָט העלער צו די אַקסלען צו, ווערט דער שטאָף פון איהר קלייד אַלץ העלער און העלער. די בראָנט אויפ׳ן קאָפּ א ליכטיגע אָנגעצונדענע זון, וועלכע וואַרפט שטראַהלען אויף אַלע זייטען.)

**דאָרא** : (שטעהט אין א זייט אונבעוועגליך)

**מיכאל** : (פערגאַפט) קינדער מיינע! קינדער מיינע! פון מיין מיר זענט איהר אַרויסגעקומען. ווי שען איהר זענט!

**עמא** : ווי שען ביסטו, אונזער פאָטער...

**מיכאל** : (צו יוליאַנען) און דו אין הימעל-קליידער פון וואַנען נעהמסטו?

עטיואַס אונגעוועהנליכעס וואָלט פאַר זיינע אויגען פאָרגעקומען.) אַזוי וועסטו אַלע ליכט אָנצינדען...

דאָרא: (ווי פריהער. איהר שטימע קלינגט אונגעוועהנליך צאַרט.) איין ליכט נאָך דער אַנדערער וועל איך אָנצינדען... איין ליכט נאָך דער אַנדערער... אַלץ ליכטיגער און ליכטיגער וועט ווערען... און דערנאָך וועל איך דעם הויכסטען זשיראַנ-דאָל אָנצינדען... איך וועל מיך אויף אַ שטוהל שטע-לען, און דו וועסט מיך, דיין קליין קינד, שטיצען.

מיכאל: (ער דערלאַנגט איהר אַ שטוהל און ער העלפט איהר זיך שטעלען אויף איהם. זי צינדט די ליכט אין זשיראַנדאָל, וועהרענד איהר לינקע האַנד איז אין זיין רעכטער האַנד. מיכאל פערוואונדערט) ווי ליכטיג ס'איז שוין אַרום! ס'האָבען דאָך קיינמאָל אין דעם זאַל נישט געברענט אַזוי פיעל ליכט.

דאָרא: איצטער וועל איך די מיטעלסטע ליכט אָנצינדען. די מיטעלסטע און די הויכסטע.

מיכאל: דאָ האָבען דאָך קיינמאָל אַזוי פיעל ליכט נישט געברענט.

דאָרא: (שטעהענדיג אויפ'ן שטוהל, קוקט זי זיך אַרום) איינציגווייז האָב איך דאָ אין יעדען ווינקעל די לייכטער אויפגעהאַנגען.

מיכאל: דאַכט מיר, אַז אַלע ליכט האָסטו שוין אָנגעצונדען.

דאָרא: און איבער דיין טיר מערקסטו ניט?

מיכאל: (איבערראַשט) אַך... ווען איז עס געשעהן?... דער שענסטער לייכטער איבער מיין טיר...

דאָרא: האָסט קיינמאָל ניט געשפירט, ווי איבער דיין טיר האָט דאָס ליכט געברענט. האָב איך ניט געקענט צו דיר איגוועניג אַריינקומען, האָב איך אויסענוועניג, איבער דיין טיר, ליכט אָנגעצונדען. (זי שטעלט זיך אויף אַ שטוהל און צינדט אָן די ליכט איבער זיין טיר) איצטער וועט ווידער איבער דיין טיר ליכטיג זיין... איצטער וועסטו אויף איהר אָרט שטעלען די ליכט, וואָס האָט אַלע איבעריגע אַרום אָנגע-צונדען. (זי דערלאַנגט איהם די ליכט וואָס אין איהר האַנד, ער שטעלט זי אויף איהר אָרט. זי קוקט אַרום דעם זאַל, אויף דעם שטוהל

יונגע פּערפלאַנצטע בוימלעך, דער ווינט וואָלט זיי ניִשט
ברעכן. האָסט עס מיר ראַן צוגעזאָגט, מיכאל, און
האָסט עס ניִט געטהון... נאָר דאָס בילד איז אַליין פון
זיך געוואָרען. פון זיך אַליין. דער גאָרטען איז פאַר די
צוואַנציג יאָהר אויסגעוואַקסען. גליַיך און פרוכטבאַר איז
יעדער בוים און איהם... ווי ראַן, מיכאל, ביסטו ווידער
צו מיר געקומען... פאַר דיר האָב איך דעם גאַנצען וואַלד
און גריניגען אויסגעפוצט... פאַר דיר... פאַר דיר...
פאַר דיר...

מיכאל : דאָרא...

דאָרא : יעדען טאָג געהט אויף די זון. האָסט עס געמערקט? דריַי-
נע פענסטער קוקען דאָך גליַיך צום וועגעאויפגאַנג אַרויס.
אַלע פענסטער. די ערשטע שטראַהלען פון פריִהמאָרגען
קלאַפּען איין דריַינע שויבען... יעדען פריִהמאָרגען קלאַ-
פען זיי אין דיינע שויבען...

מיכאל : (ווען שטילע ציטערט) ליִבלינגער מאַך מיר, דאָרא.

דאָרא : (זי רוהרט זיך ניִט פון אָרט. שטאַמעלט) ליִבלינגער, ליִבלינגער...

מיכאל : הייַנט וועסטו מיר מייַנע קינדער וויַיזען.

דאָרא : הייַנט וועל איך דיר אונזערע קינדער וויַיזען.

מיכאל : ליִבלינגער מאַך מיר, דאָרא (בלייבען א ווילע שווייַגענדיג).

דאָרא : (זי גליַיכט זיך אויס. פיהרט דורך איהר האַנד איבערן געזיכט, ווי זי
וואָלט וועלען פון איהר בלאַס, צושטרייַט געזיכט א שווערען חלום אָב-
ווישען. זי בעשפּריַיט זיך איננאַנצען פון מיכאלן. זי געהט צום לייַכטער,
און וועלכען מ'בריַינגען צוויי ליִכט. זי געהמט פון דאָרט איין אָנגעצונ-
דענע ליִכט און הויבט אָן מיט איהר פאַמעליך, פרוימעריש אָנצינדען די
אַלע איבעריגע ליִכט. וועהרענד זי מהוט עס, ווערט איהר געזיכט אַלץ
ליִכטיגער און ערהאַבענער. זי רעדט ווי פאַר זיך אַליין) איין ליִכט
נאָך דער אַנדערער וועל איך צינדען... ליִבלינגער וואָל
דיר זיין...

מיכאל : (קוקט פון דער וויַיטען אָנגעשטרענגט צו יעדער בעוועגונג איהרער, ווי

ווייזען (ער עפענט אויף די טיר וואס אין הינטערגרונד. עס בעווייזט זיך א גרויסער אטעליע. מאסען לייוועגדען מיט אנגעפאנגענע בילדער; טייל פערענדיגטע)

דארא: (זי פערדעקט דאס געזיכט) ניין, איצטער נית. איצטער גערה איך נית.

מיכאל: (ער אומארעמט זי) דארא, איך וויל, דו זאלסט צו מיר ארײנ-געהן.

דארא: (זי האלט דאס געזיכט פערשטעלט, מיט דער גרעסטער אויפרעגונג) מי-כאל! היינט האב איך צו דיר אנגעקלאפט... איך האב דיך ארויסגערופען — ביסט דאך איינמאל צו מיר ארויס-געקומען — פערשליס דיין טיר!

מיכאל: (ער פערשליסט זיין טיר) ווי שרעקליך דיינע ווערטער זענען היינט! (ער נעהמט אראב איהרע הענד פון איהר געזיכט) ווי אונ-ערבארעמדיג זענען דיינע ליידען געוועזען!.. ווען איך הויב איצטער אן דאס אלץ צו איבערלעגען אין מיין גע-דאנק — איך האב קיין ווערטער נית, דארא... זאל איך פאר דיינע פיס פאלען און בעטען ביי דיר, דו זאלסט מיר מיין שווערע זינד פערגעבען — איך זעה אזוי אויך דיין שטאלצען קאפ נישט ארויס.

דארא: (איהר קאפ פאלט אין אונמאכט אויף זיין ברוסט. זי קען מיט זיך נית געוועלטיגען; איהר שטימע קלינגט שוואך) איך האב געוואלט אלץ צו ענדע ברענגען... און צו אונזער צוואנציגיאהריגען יום-טוב דיר א מתנה ברענגען... מיר איז גוט, מיכאל —. איצטער איז מיר גוט... דאס גליק שטראמט איבער מיין הארץ. כ'האב היינט מיט ועמען דאס גליק מיינס זיך צוטיילען... וואס פעהלט מיר? דו ביסט דאך אזוי נאהענט צו מיר — ווי דאן... נאך גאר אין די ערשטע צייטען. (רעדט ווי אין חלום) מיר האבען זיך צום ערשטען מאל בעגעגענט אין מיין פאטערס גארטען, אין דעם יונגען פערפלאנצטען פרוכטגארטען... איך האב דיך געבעטען, דו זאלסט מיר צום אנדענקען, אין יענעם טאג, אויס-מאלען דאס בילד פון פלאנצונג: ווי מען שטיצט אונטער

קיינמאל ניט געהאט צו טראכטען אוועק, האָט זאָל גע-
גען דיר זיין. איך אמאל האָב זיך א וואָרט א ביזעס
פון מיינע ליפען ארויסגעריסען, איז עס ניט פון מיין
הארצען געווען. מיין הארץ האָט שטענדיג געטראָגען די
הייסטע און הייליגסטע געפיהלען פאר דיר! מיין נשמה
האָט און איהר פערבארגענער טיעפעניש שטענדיג דיין
געשטאלט געטראָגען — האָטש ציימען זענען פאריבער
און איך האָב דיין געזיכט ניט געזעהן.

מיכאל : (שטיל) פארוואָס האָסטו אין מיין מיר ניט אנגעקלאפט?

דאָרא : איך וואָלט עס נאָך היינט אויך ניט געטאָן. נאָר ס'איז
שוין איבער מיינע קרעפטען געווען. מעהר ווארטען האָב
איך שוין ניט געקענט.

מיכאל : אך, מיין קינד, איך בין א טרויעריגער געבאָרען געוואָרען
און מיין גאנץ לעבען איז מיר אין זוכען אריבערגעגאַנ-
גען. מיין גאנץ לעבען איז מיר פאריבער אין זוכען
מיין איינציגען חלום. נאָר איצטער... איך שעם מיך...
איך שעם מיך פאר דיר... צי זאָל איך דיר דערציי-
לען, אז אלץ, וואָס איך האָב פאר די צוואנציג יאָהר
געשאפען, ליגט שוין האלב פערגילטעט... ווען דו וואָלסט
וויסען, ווי עלענד און נידערגעשלאָגען איך האָב מיך גע-
שפירט, יעדעס מאל, איבערהויפט, ווען מיין נייער בנין
איז, איינגעפאלען — ווען מיין איינציגען קינד פלעגט פאר
דער ציים שטארבען...

דאָרא : אָ, דיינע קינדער לעבען... דיינע איינציגע קינדער...

מיכאל : דו זאָגסט עס?

דאָרא : (די טרערן שטיקן איהרע ווערטער) ניט עלענד ביסטו געווען.
איך בין שטענדיג הינטער דיין מיר געווען. און ווען די
קינדער זענען נאָך קליין געווען, פלעג איך זיי מיט זיך
מיטנעהמען... „וואו איז פאפא?" האָבען זיי געפרעגט,
און איך האָב זיי אויף דיין מיר אנגעוויזען.

מיכאל : (נעהמט איהר פאר'ן האנד) קום מיט מיר, דאָרא... קום מיט
מיר אהין... איך וויל דיר מיינע צוואנציג יאָהר בע-

**דאָראַ**: (וועהרענד זי רעדט, האַלט זי די גאַנצע צײַט דעם קאָפּ אויף זײַן אַקסעל אָנגעשפּאַרט) נעגען מיר האָסטו קיין שולד ניט. עס קען זײַן, אַז איך בין נעגען דיר שולדיג. אפשר האָב איך זיך ווירקליך צופיעל דער גענענוואַרט אָבגעגעבען... אָבער די קינדער — נעגען זיי בּיסטו שולדיג, מיכאַל. צו ענדע בעדאַרף מען אַלע ווערק בּרענגען צופיהרען. דו האָסט אין דײַנע קינדער קיינמאָל דײַן אידעאַל ניט געזוכט. אין דער צײַט, וואָס אפשר ניט פיהלענדיג און ניט ווילענדיג, זענען זיי אַ שטיק פון דײַן לײַב, פון דײַן נשמה, אַ טייל פון דײַן שענסטען לעבען, די פרוכט פון דײַנע ליכטיגסטע מינוטען...

**מיכאל**: אַך, בּעסער רעד נישט, בּעסער רעד נישט. ס'איז גרויזאַם. דאָראַ, אפילו דעם אמת מוז מען אויך אַמאָל אין דעם אייגענעם האַרצען בּעגראָבען. נישט שטענדיג, נישט שטענדיג... פֿערצײַה מיר, מײַן קינד... (ווי שווײַגען בּיידע אַ צײַט, איהר קאָפּ אויף זײַן בּרוסט פערבאָרגען)

**דאָראַ**: (זי הויבּט אויף איהר קאָפּ, דאָס געזיכט פערוויינט) נײַן, מיכאַל, קיינער איז ניט שולדיג, קיינער איז ניט שולדיג.

**מיכאַל**: וואָס טהוסטו, דאָראַ?... דו וויינסט? דו, דאָראַ... איך האָב קיינמאָל קיין טרעהרען אין דײַנע אויגען ניט גע-זעהן — וואָס טהוסטו?

**דאָראַ**: ס'איז פאַר שמחה. ס'האַרץ איז איבּערפולט. כ'בּין אַזוי לאַנג ניט געווען אַזוי נאָהנט צו דיר. איך פלעג שטענ-דיג אין אָט דעם צימער אומגעהן איינע אַליין. איינע אַליין; אין דער שטיל זיך צוהערען בּײַם טיר, — אפשר וועל איך דורך דער פערשלאָסענער טיר דערהערען, ווי ס'האַרץ דײַנס קלאַפּט. איך פלעג מיך אין דער שטיל אַהער אַרײַנשלײַכען, ליגען פאַר דײַן טיר און ניט געוואַגט אין איהר אָנצוקלאַפּען. חאָטש איך האָב געשפּירט, ווי מײַן לעבען געהט מיר אויס אַזוי אַליין בּײַ דער שוועל וויצענדיג... אין די איינזאַמע נעכט, אין די איינזאַמע נעכט... אויס ליבּע האָב איך עס געטאָן. כ'האָב

קוואל געטרונקען ? . . .

דאָרא : (זי קושט איהם אויפ'ן קאָפּ) איך טרינק פון איהם, מיכאל . . . צוואַנציג יאָהר זענען שוין פאַרבײַגעגאַנגען, און ווי איך וואָלט זיך היינט צום ערשטען מאָל געטראָפען . . . צי ווייסטו עס, מיכאל, אַז צוואַנציג יאָהר זענען שוין פאַר־בײַגעגאַנגען ? . . .

מיכאל : (ווּפּצט) צוואַנציג יאָהר . . .

דאָרא : צוואַנציג יאָהר זענען אַריבער — און יערעם מאָל פלעג איך מיך ווי די קלײנע טילע פער'גנב'ענען הינטער דײַן טיר, מיט הארצקלאַפּ דאָרט שטעהן און פערגעסען אַן אַלץ . . . (ביידע שווײַגען א צײַט.)

מיכאל : מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, ווען מיר האָבען זיך ביידע געטראָפען צום ערשטען מאָל, האָבען מיר אויך דעמאָלט ביידע ווי איצטער געשוויגען. איך האָב דאַן געהאָפט אין דיר צו געפינען יענעם פעסטען באָדען פאַר מײַן קינפ־טיגען אידעאַל.

דאָרא : און האָסט ניט געפונען ?

מיכאל : איך האַלט נאָך אין זוכען.

דאָרא : און אין אונזערע קינדער מײַנסטו גאָרנישט צו געפינען ?

מיכאל : ענדליך האָסטו זיך אַלײן אין מײַן לעבענסבילד פער־וואַנדעלט.

דאָרא : איך ? אין דײַן לעבענסבילד ?

מיכאל : דו, דאָרא, דו.

דאָרא : און די קינדער אונזערע ? און זיי ? ... צוואַנציג יאָהר זע־נען פאַרבײַגעגאַנגען. היינט האָט דער צוואַנציגסטער יאָהר געמיטען.

מיכאל : (פערוואונדערט) היינט ?

דאָרא : יאָ, היינט. דערמאַן זיך. יאָ היינט. ווי אַ קלײן מיידע־לע בין איך היינט צו דיר הינטער דער טיר געקומע

דאָרא : נאָר איך פערלאַנג פון דיר קיין זאַך ניט. ווי וויים דו זאָלסט ניט זיין פון מיר, ביסטו פאַר מיר דאָס גאַנצע לעבען מיט אַלע זיינע רייכקייטען און פריידען. (שטיל)

מיכאל : זאָג מיר, דאָרא, וואָס איז פאַרהאַנען אַזעלכעס אויסער דעם דאָזיגען גאַסט-צימער, וועלכעס איך מערק נישט? מיר דאַכט, אַז דו ברענגסט שטענדיג, פון יענער זייט פענסטער אונזערע, ברענגסטו דאָס ליכט אין הויז אַריין צו טראָגען.

דאָרא : דאָס גאַנצע לעבען האָט צו מיר שטענדיג געשטראָמט פון דאָרטען (באַווייזט צו מיכאַל מיר) און האָטש זי איז שטענדיג פערשלאָסען געווען... פון דאָרטען אָטעמט מיין נשמה דאָס ליכט און שפּעטער טראָג איך דאָס ליכט אַרויס ווייט, אויף יענער זייט פון אונזערע פענסטער.

מיכאַל : וויפיעל גלויבען דו טראָגסט נאָך אין דיין האַרצען! (בּיידע שווייגען אַ צייט)

מיכאַל : (פאַרזיכטיג) וואו זענען אונזערע קינדער?

דאָרא : מיין טייערער! ווענען דעם טראַכט איך די גאַנצע צייט. האָסט מיך קיין איין מאָל וועגען זיי ניט געפרעגט. וויפיעל שמערצען דאָס פערשאַפט מיר, מיכאַל!

מיכאל : מיינסטו, איך טראַכט גאָר קיינמאָל נישט וועגען זיי?

דאָרא : מיר דאַכט, אַז קיינמאָל ניט; דו טראַכסט קיינמאָל ניט וועגען זיי. דו מערקסט גאָר ניט, ווי זיי וואַקסען.

מיכאל : (פייגליך) ניין, דאָרא; נישט דאָס... צוויי הענד האָט דער מענש, פון וועלכע ער וויסט. נאָר מיט יעדען מענשען ווערט נאָך אַ דריטע האַנד, אונבעמערקט פון איהם, ווערט זי געבוירען. דער מענש ווייסט ניט פון איהר. דער מענש מערקט זי נישט. און ווען דער מענש בויט עפּוואָס — בויט די אונבעקאַנטע האַנד נאָר דאָס פערקעהרטע. און קיינמאָל איז קיין גאַנצקייט נישטאָ אין דעם מענשענס אַרבייט.

דאָרא : קיינמאָל נישט?

אזוי שטיל צוגעגאנגען . . . (זי נעהמט איהם פאר'ן האנד) איך האב דאך אזוי שטיל אנגעקלאפט, מיכאל . . . (קוקט איהם צערטליך אין די אויגען)

**מיכאל** : און דו, דארא, האסט אין מיין טיר אנגעקלאפט . . . דו, דארא . . . א, ווי לאנג דאס איז שוין נישט געשעהן ; אך, ווי לאנג !

**דארא** : (גאך מעהר אויפגערעגט) און ווי איך האב הינטער דער טיר געציטערט האסטו געהערט, מיכאל ? . . מיכאל מיין . . .

**מיכאל** : (חאפט זי ארום) מיין קינד ! ווי לאנג דאס איז שוין נישט געשעהן ! ווי לאנג, דארא, דאס איז שוין נישט געשעהן!

**דארא** : (מיט פיעל ליעבע) אך, טרוימער, טרוימער מיינער, טרוימער מיי-נער . . . (קושט איהם אויפ'ן שטערן)

**מיכאל** : יא, דארא, א טרוימער בין איך. לאנג, לאנג ציהט ער זיך, דער טרוים. און ווען דו בעוויזט זיך פאר מיין טיר, ביסטו געגליכען פאר מיר צו דער זון, וועלכע בעלייכט מיר דעם לאנגען אונענדליכען חלום מיינעם.

**דארא** : (געפינט קיין ווערטער ניט. פערליערט זיך צווישען) געוועזען ציי-טען, ווען כ'האב געמיינט, אז די טיר וועט זיך שוין קיינמאל ניט עפענען . . . אך, ניט דאס האב איך גע-וואלט זאגען . . . ניין, איצטער וועל איך דיר גארנישט זאגען . . . אלץ האב איך פערגעסען . . . אלץ האב איך פערגעסען . . . (בייידע שווייגען א ציים)

**מיכאל** : וואס ציטערסטו אזוי, מיין קינד ?

**דארא** : פאר גליק. מיר איז שווער מיין גליק צו פערטראגען . . . א, מיכאל ! . . .

**מיכאל** : מהום . . . דיין גליק . . .

**דארא** : די צוואנציג פערגאנגענע יאהרען האבען זיך אלע צו מיר אומגעקעהרט און זיי האבען מיך אלע ווי א ווירבעל-ווינד אין מיטען ארייגגעהאפט.

**מיכאל** : וואס פאר א צוואנציג יאהר ?

קאָפּ דעם געדאַנק, וואָס בעאונרוהיגט מיך, ווען איהר וועט דאָ היינט בלייבען אויף אונזער היימישען קינדער-באַל. די קינדער וועט עס זעהר פיעל פערגניגען פער-שאַפען. איבערהויפט פריידען בין איך אויסען. זיי האָבען זיך דאָך אַזוי פיעל געגרייט.

**ברוך** : איך קען אייך ניט פאָרשטעלען, וויפיעל שמערצען דאָס פערשאַפט מיר, איך זאָל אייך בעדאַרפען ענטזאַגען. איך וואָלט, דאַכט מיר, גאָר קיינמאָל קיין דרייסט ניט געהאַט אייך צו ענטזאַגען — נאָר דאָסמאָל...

**דאָרא** : בעדאַרף מען ניט... ענטשולדיגט מיר, וואָס כ'האָב אַזוי פיעל וועגען דעם גערעדט. ס'איז ווירקליך נאַריש פון מיר.

**ברוך** : אַך, וואָס רעדט איהר, דאָרא? צי דען פערשטעה איך ניט אייער האַרץ היינטיגען אָווענד?... כ'האָב דאָך אַלץ געקענט בעמערקען. איך ווייס, מיין פריינד, וואָס פאַר אַ בעדייט היינטיגער טאָג האָט פאַר אייך, און דעריבער קען איך דאָ לענגער ניט בלייבען. און וועגען מיין קינד...

**דאָרא** : איהר זענט גערעכט. איך האָב גאָרניט צו אייך.

**ברוך** : וויבאַלד אַזוי, קען איך איצטער רוהיג פון דאַנען אַוועק-געהן. (דריקט איהר האַנד) איך דאַנק אייך פאַר אַלץ, דאָ-רא; איך דאַנק אייך פאַר אַלץ. אפשר האָב איך היינט ניט אַזוי דייטליך זיך אויסגעדריקט — איז עס דערפאַר, ווייל כ'האָב ניט געקענט; ווייל... איינס וויל איך אייך נאָר זאָגען, נאָר דאָס בעדאַרפט איהר וויסען...

**דאָרא** : איך האָב אין אונזערע געשפרעכען קיינמאָל ניט אויסען געווען, מיט וועלכען ס'איז געדאַנק אייך אונאַנגענעהם צו מאַכען.

**ברוך** : ניט דאָס, ניט דאָס... איך קען היינט מיט מיין קינד ניט בלייבען צוזאַמען: קינדער טאָרען ניט זעהן זייערע עלטערן אין אַ טרויעריגען צושטאַנד. זיי טאָרען ניט ווי-

דאָרא : איך מיין, אַז איהר וועט עס מיר ניט טאָן. איהר
וועט דאָך בלייבן... דאַרום קענסטערט איהר מיר ניט,
הערר שניידערמאַן! איהר שפּילט... אָבער ניט שטענדיג
קען מען מיט'ן שפּילן דעם צווישען פיעל-וועניג מיס-
פילען.

ברוך : איך וועל באַלד גייען.

דאָרא : איהר וועט בלייבן.

ברוך : דאָס קען ניט געמאַכט זיין. מיר איז וואָגאר שווער איך
אַן ערקלערונג אויף דעם צו געבען. היינט בין איך אהער
געקומען געגען מיין ווילען. איהר פערשטעהט, איך האָב
היינט קיין רעכט ניט געהאַט דאָ צו זיין. איך האָב
געקענט מיכאל'ן ווייטער בעגעגנען — און דאָס וואָלט
שוין פאַר אונז ביידען געווען איבער די קרעפטען.

דאָרא : און דאָס צווישען אייך און פאַרגעקומען — בלייבט פאַר
מיר אַנ'אונהערבליבער סוד. איך וועל מיך בעמיהען היינט
וועגען דעם ניט צו קלערען... ניין, היינט וועל איך
וועגען דעם ניט קלערען... איהר האָט קיין רעכט ניט
געהאַט צו זיין, — זאָגט איהר — אָבער איהר וועט דאָך
געקומען...

ברוך : מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב נאָך נויטיג געהאַט
מיט אייך צו רעדען וועגען מיין קינד, וועלכעס איך האָב
אויף אייערע זיכערע הענד געלאָזען... נאָר קומענדיג
אהער, האָב איך געשפּירט, אַז ס'איז גאַנץ איבעריג.
איך בין זיכער און מיין האַרץ איז רוהיג.

דאָרא : פון איין זייט פערשאַפט עס מיר פיעל פערגעניגען,
נאָר אייער רוהיגקייט — כ'מיין אייער אויסדרוק... דאָס
בעאונרוהיגט מיך.

מיכאל : (שמייכעלט) גאַנץ נאַטירליך; ווען איך האָב פאַר איהר אַזאַ
מוטער איינגעפונען.

דאָרא : זאָל זיין אזוי, איך וועל מיך בעמיהען אייך צו גלייכען.
און אינגאַנצען וועט איהר ערשט פערטרייבען פון מיין

# דריטער אַקט.

ביי מיכאל העלמאַן.

אַ גרויסער גאַסט-צימער, אויפגעפּאַצט מיט גרויס געשמאַק און אַ העל גרינגעם מאַן. רעכטס דריי גרויסע פענסטער. לינקס איין טיר, וועלכע פיהרט צום אַלגעמיינעם קאָרידאָר. און דעם הינטערגרונד אַ טיר צו מיכאַל העלמאַן און אַטעליע. די טיר איז פערמאַכט. אויף די ווענד קאַנדעלאַבּרען. און מיטען זאַל העננט אַ גרויסער קריסטאַלענער זשיראַנדאָל.

אָווענד. און איין קאַנדעלאַבּר ברענען צוויי ליכט.

ברוך : (ער זיצט אויף אַ זאָפע רעכטס צווישען די פענסטער. זיין קאָפּ אויף די הענד אָנגעשפּאַרט)

דאָרא : (זי קומט אָן פון טיר לינקס. געקליידט און אַ העל-בלויען אָווענר-קלייד, ווי זי וואָלט עמיצען זוכען. זי בעמערקט ברוכ'ן) נאָר דאָ זיצט איהר? כ'האָב געמיינט, איהר זענט שוין אַוועק-געגאַנגען.

ברוך : (ער הויבט אויף זיין קאָפּ. ס'איז צו מערקען, אַז פאַר די לעצטע עט-ליכע טעג איז ער שטאַרק געעלטערט געוואָרען. זיין שטימע איז פינס-טערער געוואָרען) יאָ, איך האָב שוין טאַקי געוואָלט אַוועק-געהן.

הארצרײַסענדע געוויין פון מײַנע ניט־פערענדיגטע שפּאַ־
פונגען. זײַ ווײַנען, איך זאָל זיך צוריק צו זײַ אומקעה־
רען. איך זאָל זײַ דאָס אמת׳ע לעבען געבען. זײַ ווילען
ניט קיין פערקריפּעלטע אויף דער וועלט ערשײַנען. און
מיר פעהלט די קראַפט, מײַנע שאַפּונגען דאָס לעבען צו
געבען.

מיכאַל : דאָס לעבען זײַ געבען — לעבען און האַרמאָניע,
לעבען און האַרמאָניע — מיר בײדע שטרעבען דאָך צו
איין גרויס, אונשטערבליכעס ווערק.

ברוך : און בײדע אין פערצווייפלונג. און בײדע אויפ׳ן שייד־
וועג זיך געטראָפען. — נאָר איצטער, מיכאַל, איז אונ־
זער וועג איינער, איינער, איינער...

מיכאַל : (גרײַפט איהם פאַר בײדע הענד) לאָמיר אונזערע בײדענס קראַפט
פעראײניגען!

ברוך : אומזיסט; מיר וועלען נאָר בלויז אונזער טראַגעדיע
פערדאָפּלען.

מיכאַל : אויב אונזער פעראייניגטע קראַפט וועט אונז ניט געגוג
זײַן אויף צו שאַפען איין גרויסעס, ליכטיגעס און
לעבעדיגעס ווערק, דאַן זאָל... דאַן זאָל...

ברוך : רעד ווײַטער.

מיכאַל : דאַן זאָלען אונזערע פעראייניגטע קרעפטען פערניכטען
אַלץ, וואָס האָט פאַר אונז אַזאַ פינסטערען אָבגרונד אויפ־
געעפענט. קום מיט מיר, קום מיט מיר, מײַן ברודער!
ביסט דאָך איצטער מײַן ברודער...

ברוך : דאָס געוויין שטאַרקט זיך — ס׳איז אונערטרעגליך.

מיכאַל : כחות פרישע, איצטער איז די צײַט, ברוך!

ברוך : (ער ציטערט פאַר איבערליכער אויפרעגונג) יאָ, לאָמיר בײדע אונ־
זערע כחות פעראייניגען.

מיכאַל : (נערוועז) חאַ־חאַ... דו ביסט גרייט?

ברוך : יאָ, לאָמיר אונזערע בײדענס כחות פעראייניגען, מיר זאָ־

ברוך : (מיט בליקן, צו דער ערד געווונקענע) און דיין ארבייט ?

מיכאל : (שווער) האלט ביים אונטערגעהן.

ברוך : ביים אונטערגעהן . . .

מיכאל : אך, עס פעהלט מיר די געטליכע קראפט.

ברוך : (קאלט, אין דער איי‍געגער פאזע) צו פערענדיגען ?

מיכאל : (נערוועז) ניין! מיר פעהלט די געטליכע קראפט, איך זאל
מיט מיינע אייגענע הענד אבווישען פונ׳ם לייטענט אלץ,
וואס כ׳האב מיט מיין געראנק, מיט מיין הארץ געשאפען! . . אליין מיט מיינע הענד . . . געדענקסט, ברוך,
ווי מיר זענען אין דער יוגענד געווען עהנליך איינער
צום אנדערן?

ברוך : יא, זעהר עהנליך, אלע פראפעסארען האבען עס געזאגט.

מיכאל : (האפט ברוכ׳ן פאר׳ן האנד) וועסט געהן מיט מיר?

ברוך : וואוהין מיינסטו?

מיכאל : צו מיר, אין מיין אטעליע.

ברוך : קענסט עס נאך ביי זיך פועל׳ן? מיך פיהרען אהין,
צו דיר?

מיכאל : (פערלארען) ווארום וואס — ס׳איז דען אזוי שרעקליך,
מיינסטו? . . . יא, דו מיינסט אזוי? וואס מיינסטו?

ברוך : (ענטפערט ניט)

מיכאל : מיינסטו עס ווירקליך, ברוך? מיר זענען דאך אין דער
יוגענד אזוי עהנליך געווען איינער צום אנדערן.

ברוך : איצטער זענען מיר נאך פיעל עהנליכער איינער צום
אנדערן.

מיכאל : געפינסט עס ווירקליך? דו געפינסט עס?

ברוך : (זיפצט שווער) יא, איך געפין עס און דעריבער וויל איך
צו דיר, אין דיין אטעליע ניט געהן.

מיכאל : ווילסט עס נישט טאן דיין חבר פון דער קינדהייט?

גאַטס וועלט — דאַן בויגט ער זיך, דער רעגענבויגען, אויס מיט גבורה איבערן וואָלקען אַנטקעגען מײַנע פענסטער, בײדע ברעגען זײַנע אָן דעם האָריזאָנט אָנגעשפּאַרט, און ער קוקט מיט עקשנות צו מיר און ווינקט: „פון מיר זאָלסטו אַ בײַשפּיעל נעהמען אין אַלע דײַנע שפּאַנונגען, אין אַלע דײַנע חלומות, פון מיר זאָלסטו אַ בײַשפּיעל נעהמען“...

ברוך : ווי פערשידענע פארבען גיסען זיך האַרמאָניש צוזאַמען?

מיכאל : (ביטער) אָט וואָס דאָס שרעקליכסטע איז! און ווי קליין ווער איך דעמאָלט. ווי נידערגעשלאָגען איך, שפּיר מיך דעמאָלט. איך קוק צו די טויטע אונבעהאָלפענע פאַרבען און קוק אויף דער גרויסער ליכטיגער וועלט, וועלכע האַלט זיך אין איין בעוועגען... אָבער צו וואָס איז עס אַלץ!...

ברוך : גאָר ניט צופעליג האָבען מיר זיך הײַנט בײדע געטראָפען.

מיכאל : נישט צופעליג זאָגסטו? מערקווירדיג, ווי דאָס האַרץ מײַנס האָט זיך די לעצטע צײַט געוועקט. ווײסטו, נעכטען בין איך אַ צײַט אין דעם צימער געזעסען און אפשר אין אַנאַנדערן — איך געדענק נים אויף קלאָר — און איך האָב ווי אויף עמיצען געוואַרט. ס'האָט מיך פון דער אַרבײט געריסען. אַ פרעמדער געפיהל, גאָר אונפערשטענדליך פאַר מיר אַליין, האָט מיך געצווינגען צום שלאָס פון מײַן טיר — זי צו עפענען: אײנמאָל פאַר אַלעמאָל זי צו עפענען (רעדט שטיל) נאָר איך שעם מיך... ברוך, איך שעם מיך... מהום, ווי שרעקליך דאָס איז! ס'איז אונערטרעגליך, ברוך...

ברוך : (ער הויבט אויף דעם קאָפּ, וועלכער איז געווען אויפ'ן ברוסט געזונקען, וועהרענד מיכאל האָט גערעדט. זיין געזיכט איז בלאַס) און דאַרא?

מיכאל : דאַראַ מײַנסטו?

ברוך : קומט זי אַמאָל אַרײַן אין דײַן צימער?

ברוך : ווי אַ שיכּורער חלום האָט זיך עס נאָך דאַן אָנגעהויבּן. פריהער נאַוויה, ליבּעס, קינדער־שפּיל — און דאַס חיי־מער שיכּורער, פאַנטאַסטישער ווי אַ מאָראַ׳דיקער קאָשמאַר, וועלכער האָט מיין גאַנצן חיות, מיין גאַנץ לעבּן פאַרשלונגען. ווי נאַוויה!.. שטערן צווישן אַרמע לייט און דערפאַרגעסן זיך און זיינע קינדערשע חלומות; קינ־דערישע ליבּעלע מעג. האַ־האַ־האַ... אָ, יענע שפּאַר־צן, גראָבע קוילן־שפּריצן און די אומענדליכע רינגע פאַרבּן פון דעם רעגנבויגן!...

מיכאל : ווייסטו, איך געדענק נאָך פיל פריהערדיגע איינדריקן. איך האָב שוין ליבּ געהאַט צו קוקן אויפ׳ן רעגנבויגן נאָך איידער איך האָב זיך בּערים געקראָכן.

ברוך : און געדענקסטו, וואָס די מוטער האָט אויף דעם ערקלערט?

מיכאל : מיר האָט עס נאָר מיין פאָטער ערקלערט.

ברוך : אַז דער רעגנבויגן איז אַ צייכן, אַז נאָך דעם שוין מער דאָס געשאַפענע ניט אומברענגען?

מיכאל : אָ, ניין, מיר האָט מיין פאָטער גאָר גאַנץ אַנדערש ער־קלערט. גאַנץ אַנדערש. און דאָס איז אַ גרויסער מזל אמת געלעגן. און אין מיין פאָטערס נשמה האָט זיך שוין אָנגעהויבּן מיין איצטיגער לעבּן: ער האָט מיר ער־קלערט, אַז דער רעגנבויגן — דאָס איז דער סימבּאָל פון האַרמאָניע און גאַנצקייט. דער גרויסער וועלט־בּוימייסטער ער געפינט אויך, אַז אַלץ וואָס מיר זעהען אַרום זיך אין דער נאַטור, אַלץ וואָס מיר קענען מיט אונזערע חושים בּעגרייפן, איז גאַנץ אין האַרמאָניע... הערסט, ברוך, — און אַלץ האָט אַרום אונז! אָט אין דאָס אונ־זער פראַגעדיק בּעשטערט, ברוך; ל׳מען מיין פראַגעדיק. איך האָב ניט צו פראַלבּן אַנדערש (ווייטערדיג) איך קען עס ניט פאַרגעסן: מיינע פענסטער קוקן צו מזרח אַרויס און יעדעס מאָל, נאָך אַ גרויסן געוויטער, נאָך שטורם און רעגן, ווען דאָס האַרץ הייבּט אָן צו צווייפּ־לען אין דער פאַלקאָמענהייט און אין דער גאַנצקייט פון

געבען, אַז מיר זענען שוין זעלבשטענדיגע מאלער ?..
חאַ-חאַ, זעלבשטענדיגע — הער זיך צו, ברוך,
צום וואָרט, ווי שפּאָטיש עֶר קלינגט, שפּאָטיש, שפּאָטיש...
(זיי בלייבען ביידע זיצען די קעפּ אראָבגעהאנגען, ווי זיי וואָלטען זיך
אין אַלטע זכרונות פערטיפען.)

ברוך : כ'האָב שוין כמעט יענע צייט פערגעסען.

מיכאל : פערגעסען!... ס'איז דאָך אָבער יאָ געשעהן אמאָל. —
ס'איז דאָך אַ פאַקט אַ געשעהענער אין אונזער לעבען.

ברוך : (ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ) וואָס מיינסטו דערמיט ?

מיכאל : דאָס איז אַלץ אַנ'ענטפער אויף דיין פריהערדיגער פראַגע.
פאַרוואָס דו האָסט מיך אין דעם דאָזיגען צימער געטראָ-
פען און נישט אין מיין אַטעליע ?.. אַך, ברוך, ברוך...
מיר זענען דאָך אמאָל גאָר קליינע קינדערליך געווען!
דו געדענקסט עס נישט, ברוך...

ברוך : און דו געדענקסט, אַז מיר האָבען ביידע ליעב געהאַט
נאָך אַ רעגען צו שטעהן און קוקען אויפ'ן רעגענבויגען;
צעהלען די פאַרבען אין איהם ?

מיכאל : מערקווירדיג! וועגען דעם טראַכט איך דאָך איצטער!

ברוך : צו דעם רעגענבויגען האָט אונז שוין אינסטינקטיוו געצויי-
גען אונזער יונגער קינסטלערישער פייער.

מיכאל : אָבער דו געדענקסט עס גוט ?

ברוך : וואָרום זאָל איך עס ניט געדענקען ? איך געדענק נאָך,
ווען כ'האָב, נאָך גאָר אַ קליין קינד זייענדיג, מיט
שטיקליך קויהל אומעטום געשמירט, געוואָלט עפּיס שאַ-
פען — און די מוטער מיינע האָט מיר איבער די הענד-
ליך געשלאָגען. זי האָט ניט געמערקט, אַז אונטער די
גראָבע, שוואַרצע קויהלען-שטריכען האָט זיך שוין עפּיס
גערעגט. דאָרט האָט זיך שוין געצאַפּעלט מיין צוריסען
האַרץ, מיין צופלאָגטע נשמה.

מיכאל : אך, רעד עס ניט, ברוך; דאָס איז אונערטרעגליך.

מיכאל : מהום... וואָרום גראַדע איצטער ?... וואָרום גראַדע איצטער... דאָס איז טאַקי אַ פראַגע. אײַנענטליך ליעגט עס בײַ מיר טיעף אין דער נשמה אײַנגעוואָרצעלט. דאָס איז דער יסוד פון מײַן לעבענס־טראַגעדיע.

ברוך : וואָס ווילסטו זאָגען דערמיט ?

מיכאל : מערקווירדיג, מיר איז עס אַרויף אויפ׳ן געדאַנק באַלד ווי איך האָב דיך דער... בײַ מיר. האָסט פריהער געזאָגט, אַז דו ביסט בײַ מיר אַנ׳אָפּטער גאַסט און איך האָב עס גאָר ניט געוואוסט... (קוקט זיך אַרום; רעדט מיט אַ געפאַלענעם טאָן) דו האָסט אפשר געזעהן דאָרען ?

ברוך : יאָ, איך האָב הײַנט מיט איהר די גאַנצע צײַט פערבראַכט.

מיכאל : זי איז געוויס נידערגעשלאָגען. ס׳איז קײַן וואונדער ניט. גאָר קײַן וואונדער ניט.

ברוך : האָסט, מיכאל, אַ טעות. — זי איז פריש און מונטער; שטאָלץ און פול מיט גלויבען.

מיכאל : האָסטו מיט איהר גערעדט ?

ברוך : טאַקי אין דעם אײַגענעם צימער.

מיכאל : אין דעם דאָזיגען צימער ? און ניט לאַנג ?

ברוך : אײדער דו ביסט אַרײַנגעקומען.

מיכאל : מערקווירדיג, עפּיס ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט. (ביידע שווײַגען)

ברוך : זעהסטו, העלמאַן, און איך האָב ניט ערוואַרטעט דיך צו זעהן אין דעם דאָזיגען צימער.

מיכאל : פאַר׳וואָס ?

ברוך : ווײַל ער איז אַ ביסעל צו ווײַט פון דײַן אַטעליע.

מיכאל : האָסט רעכט, ברוך. (ביידע שווײַגען)

מיכאל : (ווי אויפגעוואַכט) מהום... כ׳האָב אָנגעהויבען און פערגעסען צו ענדיגען. (לאַכט ביטער) עס וואונדערט דיך..

**ברוך** : (ער בלייבט אליין זיצען, דער קאפ טיעף געבויגען) .

**מיכאל העלמאן** : (ער בעוויזט זיך אין טיר. בעמערקענדיג שנייערזאנען, דריקט זיין געזיכט פערוואונדערונג אויס. ער בלייבט א ווייլע אויף זיין ארט שטעהן, ניט וועלענדיג שטערען ברוכ'ן).

**ברוך** : (בעמערקט מיכאל'ן) אך , מיכאל ! (ער ווערט מונטערער. געהט מיכאל'ן אנטקעגען. זיי דריקען זיך די הענד)

**מיכאל** : נו , ברוך ?

**ברוך** : ווי קימסטו אהער ?

**מיכאל** : איך וואלט וועלען פרעגען , ווי קומסטו אהער ? ווי עס ווייזט זיך ארויס , האב איך קיין טעות ניט געהאט .

**ברוך** : וואס מיינסטו דערמיט ?

**מיכאל** : ווייל נעכטען האט זיך מיר אויך אויסגעוויזען, אז איך האב דיין שטימע געהערט . ביסטו עס נעכטען אויך דא געוועזען ?

**ברוך** : יא , איך בין דא נעכטען אויך געוועזען . (זיי קוקען זיך ביידע גלייך אן אין די אויגען און שווייגען) .

**מיכאל** : ביסט אויף א סך געעלטערט געווארען , ברוך .

**ברוך** : (ווי ניט הערענדיג) יא , איך בין דא נעכטען אויך געוועזען . כ'האב געוואלט אין דיין טיר אנקלאפען .

**מיכאל** : נאר פארוואס האסטו עס ניט געטאן ?

**ברוך** : ווייל איך האב אויך שטענדיג ליעב געהאט צו ארביי= טען ביי פערמאכטע טירען — כ'האב דיר ניט געוואלט שטערען .

**מיכאל** : דו האסט ליעב געהאט צו ארבייטען ביי פערמאכטע טי= רען — און איצטער האסטו זיך דערפון אבגעוועהנט ?

**ברוך** : און איצטער . . . איצטער איז שוין באלד קיין אונטערשייד ניט .

**מיכאל** : מהום . . .

**ברוך** : איך בין די לעצטע צייט א גאנץ אפטער גאסט ביי דיר

ברוך : (בלאס) איהר בעדארפט ניט רעדען אזוי, דארא. איהר אליין, דארא, קען זיין, דענקט פיעל אנדערש און דע־ריבער האט איהר זיך אזוי אויפגערעגט.

דארא : ניין, מיין פריינד, מיין וועג איז פאר מיר גענוג אויסגע־ליכטערט און איך געהע איהם גאנץ זיכער. איך וויל האפ־פען, אז דעם איינענעם וועג האב איך פאר מיינע קינדער אויך אנגעצייכענט.

ברוך : (קעהרט זיך אב, ער לאזט זיך אראב אויף א שטוהל, בעמיהט זיך צו פערבארגען זיין אויפרעגונג.)

דארא : (אונרוהיג) וואס איז אייך אזוינס?

ברוך : אך, וואס מאטערט איהר מיין אויסגעמאטערט הארץ?..

דארא : (מיט פעררדרוס) וואס רעדט איהר? וואס רעדט איהר...

ברוך : גארניכט, גארנישט...

דארא : ענטשולדיגט מיך, אפשר האב איך אייך בעליידיגט מיט מיינע ווערטער, כ'בין געוויס ניט אויסגען געוועזען אייך צו בעליידיגען.

ברוך : איהר האט מיך ניט בעליידיגט, דארא.

דארא : איך האב אייך יא בעליידיגט, ענטשולדיגט מיך. נו, זאגט, אז איהר ענטשולדיגט מיך. עס פערשאפט מיר פיעל שמערצען.

ברוך : (ער נעהמט איהר האנד) צי דען קענט איהר בעלעדיגען עמי־צען?.. פיליייכט איז אין איערע ווערטער צופיעל אמת פארהאנען.

דארא : ביי מיר האט זיך פון הארצען ארויסגעריסען דאס, וואס כ'טראג שוין פופצעהן יאהר אין איהם פערשלאסען. — כ'האב מיך אפשר צו ענערגיש דאסמאל אויסגעדריקט.

ברוך : מיין פריינד, פיליייכט בעשטעהט דאס לעבען בלויז פון יענע בימערע און שבערצליכע מאמענטען, ווען אונזער נשמה פלאגט זיך אזוי שטארק...

(זיי שווייגען ביידע א לאנגע צייט)

דאָרא : די יוגענד וועט עס פון אײַך פאָדערן צום מאָרגענדיגען באַל.

ברוך : מאָרגען איז בײַ אײַך אַ באַל אין שטוב?

דאָרא : יאָ, אין געוויסען אָרט — אַ באַל.

ברוך : און העלמאַן ווייסט ניט פון דעם?

דאָרא : ניין, ער ווייסט ניט דערפון.

ברוך : ווייסט ער ווירקליך ניט, וואָס עס קומט פאָר אין די אויבערינגע צימערן דאָ?

דאָרא : (ביטער) ניין, מײַן פרײַנד! ניין. און וואָס וואונדערט עס אײַך אַזוי? איהר האָט פריהער געזאָגט, אַז איהר טראָגט בײַ זיך אין האַרצען זעהר פיעל פון דעם, וואָס עס קומט פאָר בײַ מיכאַל'ן אין אַטעליע — און ווען גאָט וואָלט פון אײַך אײַער פרוי ניט צוגענומען אין די ערשטע טעג פון אײַער געמיינזאַמען לעבען — קענט איהר מיר ניט זאָגען, ווי איהר וואָלט זיך איצטער געפיהרט? וואָלט איהר ניט געזעסען איצטער פערשפאַרט אין אײַער אַטעליע, גאָרניט וויסענדיג וואָס עס קומט פאָר הינטער די טירען פון אײַער זאַגעגאַנטען אַרבײַטס-צימער?

ברוך : איצטער, דאָרא, קען איך אײַך גאָרנישט זאָגען.

דאָרא : איהר רעכענט, אַז איך טראָג אום סודות אין האַרצען, וועלכע איך בעמיה מיך צו פערבאָרגען פון מיכאַל'ן. — ס'איז גאַנץ איבעריג!

ברוך : איהר האָט מיך שלעכט פערשטאַנען, דאָראַ, איך האָב מיט מײַנע ווערטער ניט אויסען געווען אײַך אויפמערקזאַם מאַכען.

דאָרא : איהר האָט מיך אויך שלעכט פערשטאַנען. — איך וועל אײַך נאָר זאָגען אָט וואָס: איך מיט מײַנע אידעאַלען האָב זיך קיינמאָל ניט בעהאַלטען — דערפאַר, וואָס איך בין אונמיטעלבאַר פעראײַניגט מיט'ן לעבען אליין. מײַנע

נאָר פאַר מיר אַליין אויך. עס ציהט מיך צו מיכאל׳ן ד
לעצטע צייט און ער ווייסט עס נאָר ניט פון דעם.

דאָרא : געוויס ווייסט ער ניט, איהר וואָלט אריינגעהן צו איהם;
איהר קענט דאָך עס טאָן.

ברוך : ס׳איז נאָך פאַר דער צייט.

דאָרא : (ניט פערשטעהענדיג) חלומות, חלומות... (זי קוקט איהם אָן)

ברוך : וואָס קוקט איהר מיך אַזוי אָן? ווילט איהר ווירקליך אין
מיין וועלטעל אריינקוקען?

דאָרא : אין אייער געזיכט איז פאַרהאַן זעהר פיעל עהנליכעס צו
העלמאַנען.

ברוך : איך האָב עס נאָר ניט געוואוסט.

דאָרא : (שמייכעלט) חלומות, חלומות...

ברוך : חלומות, חלומות — און גאַנץ אונאַנגענעהמע.

ברוך : (וועלענדיג איבעררייסען דעם אַנגעצויגענעם שמועס) וואָס וועט
עס זיין פון דעם גרינעם סאַמעט און פונ׳ם זיידענעם?

דאָרא : (שמייכעלט) וואָס, מיינט איהר, קען דערפון זיין?

ברוך : וואָס קען איך מיינען? זיצט זיך אַ מענש אַליין אין זיין
צימער און בויט פאַר זיך גרינע סאַמעטענע און זיידענע
וועלטען.

דאָרא : דאָס איז זעהר שען, נאָר איך בין אָבער, מיין פריינד,
פערנומען מיט׳ן איבערבויען אַלטע וועלטען.

ברוך : וועמעס פערדיענסט איז גרעסער?

דאָרא : דאָס וועט שוין די צייט בעווייזען.

ברוך : (בעקוקט דעם שטאָף) דאָך, וואָס וועט עס זיין דערפון?

דאָרא : קענט איהר אונזער מעבעל אין דעם גרויסען זאל?

ברוך : אין ראָזען בעצוג?

דאָרא : זיי וויל איך עס איצטער בעניייען. דאָס גאַנצע מעבעל,
וואָס שטעהט אין יענעם זאל, האָב איך אַנ׳אַנדענק פון

פון הימעל ארויסרייסען.

(ביידע שווייגען)

פרידע : פאפא . . .

ברוך (ערוואכענר) וואס, מיין קינד ?

פרידע : האסט איצטער פון עפיס שענעס געטראכט ? יא ?

ברוך : איך האב זיך צוגעהערט צו דיינע שילדערונגען.

פרידע : עס געפעלט דיר ?

ברוך : זעהר.

פרידע (זי קושט איהם אויפ׳ן קאפ) דאס פרעהט מיך אזוי . . .

ברוך : שאדע, וואס דיר בענקט זיך אהיים . . .

פרידע : דו האסט רען געוואלט, אז . . .

דארא (קומט אריין) א גאסט, א גאסט! . . . איך שטער אייך ניט ?

ברוך (ער געהט איהר אנטקעגען בעגריסען זיך) א, נײן . . .

דארא : זענט איהר שוין לאנג דא ?

ברוך : ניט גאנץ לאנג.

דארא : און איך האב גאר ניט בעמערקט, ווען איהר זענט אריינגעקומען. — איהר וועט דאך מיך ענטשולדיגען ?

ברוך : נו, געוויס. איך האב מיך צום לאר צוגעהערט.

דארא : האט איהר געהערט ?

פרידע : דעם פאפא געפעלט זעהר אונזער געזאנג.

דארא : דאס מאכט מיר פערגניגען.

פרידע : דער פאפא האט מיין שטימע ניט דערקענט.

דארא : אין לאר איז שווער צו אונטערשיידען . . . נו, דער־צעהל, ווי געהט עס ? ווי פיהלט איהר זיך אהן דער טאכטער ?

ברוך : ווי די טאכטער אהן דעם פאטער.

ברוך : ביסטו צופרידען, געפעלט עס מיר זעהר גוט.

פרידע (זי ווערט פלוצלונג אומעטיג) דו זאגסט, צופרידען...

ברוך : נו, געוויס מיין איך, אז דו ביסט צופרידען.

פרידע : און דו?

ברוך : זעהסט דאך מיך אלע טאג.

פרידע : יא, איך זעה דיך אלע טאג... וואס א טאג ווערסטו אומעטיגער.

ברוך : דאס דאכט זיך דיר, מיין קינד, אזוי אויס.

פרידע : אפשר דאכט זיך עס מיר אזוי אויס, ווייל איך בענק זעהר אהיים.

ברוך : וואס האסטו נאר־וואס געזאגט?

פרידע : אך, ניט דאס, מיר בענקט זיך... איך בין געוועהנט יעדען טאג אומצוגעהן אין אלע צימערן ביי אונז, דארט וואו ס׳הענגען דיינע בילדער, יעדעס אנקוקען; מיט יעדעס זיך זעהן. אז איך קום אריין צו דיר אין קאבינעט און זעה די צוויי בוימער, וועלכע שטעהען ביידע איינס אנטקעגען דעם אנדערן און שפיגלען זיך אפ אין׳ם טייכעל, וואס לויפט דורך צווישען זיי... אזעלכע פרעהליכע בוימעליך און אזא פרעהליך, ליכטיג טייכעל, — בענרים איך זיי... און אזוי צו יעדען בילד דיינעם... און דארט, אין דיין אטעליע, יענע בילדער... איך בין געוועהנט יעדען טאג ביי זיי צו שטעהן.

ברוך (מיט ליעבע) און וואס נאך? דערצעהל.

פרידע : דו לאכסט פון מיר.

ברוך : איך לאך ניט פון דיר. כ׳האב גאר ניט געוואוסט, אז דו קענסט אזוי גוט יעדעס בילד בעזונדער און — אז דו ליעבסט זיי יעדען טאג צו זעהן.

פרידע : ניט יעדען טאג — יעדע מינוט!

ברוך : איך האב עס ניט געוואוסט.

(בעלט נאָך געוואַגט חזיר זיך פּאָזירענדיק פֿריילעך געלעכטער,
מיט וויטן הילכיק שפּילן)

ברוך : (ער בלײַבט נאָך אַ ווײַלע שטיין בײַם טיר אין קלערונג. נאָך
דעם הייבט ער ווידער אָן אומרויִק אַרום און גייט שוין אומרויִקער)

פרידע (קוקט פֿרײַנדלעך אויף) דו ביסט מאָקע דאָ, טאַטע! ווי דאָס
האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דו ווײַסט אין דעם ציטער.

ברוך (ער קוקט אויף איר; קוש) דו האָסט אויך געזונגען?

פרידע : דו האָסט געהערט?

ברוך : יאָ. איך האָב געהערט. און ווער האָט עס די סאָלאָ
געזונגען?

פרידע : קאָסאַ; דו האָסט דען אירער שטים ניט דערקענט?

ברוך : כ'האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז קאָסאַ.

פרידע : און מײַן שטימע האָסטו אין כאָר ניט דערקענט? איך
האָב די טערצע געזונגען.

ברוך : דערנאָכער האָב איך ניט דערקענט.

פרידע : הי שוין קאָסאַ זינגט!

ברוך : ווערער שוין. און ווער נאָך איז דאָרט אין כאָר געזונגען?

פרידע : יוליאַן, האַרא און מילע

ברוך (פֿאַרוואונדערט) האַרא אויך? אַ מערקווירדיגע פֿרוי!

פרידע : געווים האָט זי געזונגען.

ברוך מערקווירדיג, מערקווירדיג... (ער וואַרפֿט זיך אויף דער וואַנט,
האָט פֿאַרגעסן לאַנגע צײַט אומגעריכטער צו, פֿירט צו זיך פרידען)
דערצייל מיר, פרידע, ווי דו פֿילסט זיך דאָ?

פרידע : אַך, דאָ איז מיר אַזוי גוט. איך פֿערגעס אַלעס, אַז איך
בין אין דער פֿרעמד — איבערהויפּט ווען האַרא איז
מיט אונז.

ברוך : און מיט די קינדער די שפּילסטו זיך?

פרידע : אָ, זייער גוט.

# צווייטער אַקט.

---

אַ געמיטליכער צימער ביי מיכאל העלמאַן אין הויז. איין טיר רעכטס און צוויי פענסטער אין דעם הינטערגרונד. אויף אַ זאַ-פעט'יגען אנגעוואָרפען שטיקער גרינע סאַמעט און זיידען שבאָף. בייטאָג.

**ברוך** : (ער געהט אום אויף און אָב, אַ ווײַלע איז שטיל; שפּעטער הויבט זיך אָן צו הערען אַ געזאַנג, אין באַר, ערגעץ אין אַ זײַטיגען צי-מער. ברוך געהט צום טיר און עפענט זי עטוואָס אויף. דאָס געזאַנג ווערט דײַטליכער. עס קלינגט זאַנפטיג און מוטפול עמאָס שטימע)

**עמא** : (איהר שטים פון אַ זײַטיגען צימער)
ווי לאַנג די זון זי שטײַגט אַלץ העכער
און די ערד הילט איין איהר ליכט;
שײַנט דאָס ליכט פון מײַנע אויגען;—
איהרע שטראַהלען פון מײַן געזיכט!

**באַר** : וואַך אויף, וואַך אויף מיט'ן מאָרגענשטערן!
וואַך אויף! וואַך אויף, די זון געהט אויף...
אין דײַן האַרץ דאָס ליכט זאָל רוהען.
וואַך אויף, וואַך אויף! וואַך אויף, וואַך אויף!

**פרידע** : מיר ווילען, דו זאָלסט אונז שאַפען אַ בילד, וואָס זאָל פאַרשטעלען דעם זונענאויפגאַנג.

**דאָרא** : דעם זונענאויפגאַנג?

**עמאַ** : יאָ, דעם זונענאויפגאַנג; און דאָס גאַנצע בילד זאָל זיין מיט ליכט בעגאָסען.

**יוליאַן** : דאָס ליכט זאָל איבער דעם ראַם פון בילד פליִיצען.

**עמאַ** : ס׳זאָלען ליכטיגע שטראַהלען שיסען אויף אַלע זייטען!

**פרידע** (שמייכעלט) און אין דער זון זאָל זיך אָבשפיגלען אַ געזיכט.

**יוליאַן** : פרידעס געזיכט!

**פרידע** (פערשעמט) ניין, ניין, אייער מאַמאַס געזיכט.

**עמא** : דער מוטערס געזיכט זאָל אין דעם זונענאויפגאַנג זיין. פון איהר געזיכט, פון איהרע אויגען ארויס זאָלען לויטערע שטראַהלען פאַלען און צוגיסען זיך אַרום און אַרום...

**דאָרא** (איבערראַשט) קינדער מיינע, קינדער מיינע...

**יוליאַן** : און דאָס בילד זאָל הייסען „די יוגענד".

**פרידע** : ניין, דאָס בילד זאָל הייסען „די מוטער". (שטיל, אַלע שווייגען און וואַרטען אויף אַן׳ענטפער, קוקענדיג אַמאָל אויף ברוכ׳ן און אַמאָל אויף דאָרען).

**דאָרא** : נו, הערר שנייערזאָן, וואָס שווייגט איהר?

**ברוך** (נידערגעשלאָגען) אָנהויבען אַ בילד און ענדיגען. —

**דאָרא** : איצטער איז די רעכטע צייט, ברוך, — מיט דער יוגענד אינאיינעם...

**ברוך** : איהר ווײַט בעטען, קינדערליך, ביי מיכאַל׳ן; ביי אייער פאָטער. קלאַפט אָן צו איהם און פערלאַנגט עס פון איהם. ער וועט דערפון העכסט צופרידען זיין און ער וועט אייך פאָלגען. פרוי העלמאַן, זאָלען זיי זיך ווענדען צו מיכאַל׳ן.

קענט פון אַנדערע ווערטער קאָנסטאַטירען.

**דאָרא** : איך וועל פון אייך אויף אַלץ אַן'ערקלערונג פאָדערן. אייער ווערטער האָבען געוויס זייער בעדייט — און מיך בעאונרוהיגט עס. אפשר האָט דאָס אַ צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס טילע איז דאָ געזעסען איינע אַליין און האָט געוויינט...

**ברוך** : איך האָב אייך, דאָרא, אויף דעם גאָרנישט וואָס צו ענטפערן.

**דאָרא** (זי קוקט איהם פאָרשענד אָן) הייסט עס, גאָרנישט... אויב ס'איז פאַרהאַן אַזעלכעס, פערבאָרגענעס, וואָס איך בעדאַרף עס ניט וויסען — וועט דאָך מסתמא די צייט אַליין אָפּענהערציג זיין און וועט מיר פון אַלץ דערצעהלען.

**ברוך** : די צייט... וואָס טראָגט ניט די צייט פערבאָרגען אונטער איהרע פליגעל?...

**עמא, פרידע, יוליאַן און טילע** (זיי בעווייזען זיך אין טיר און, בעמערקענדיג דאָראַן און ברוך'ן, ציהען זיי זיך צוריק)

**עמא** : ענטשולדיגט.

**דאָרא** : קומט אַריין, קומט אַריין.

**פרידע** : מיר האָבען ניט געוואוסט, אַז איהר זיצט דאָ; ענטשולדיגט.

**ברוך** : קומט אַריין, קומט אַריין, וועט פרעהליך ווערען. די יוגענד, זי ברענגט מיט זיך גאָר אַן'אַנדער ווינד.

(זיי קומען אַריין)

**יוליאַן** : לאָמיר זיי גאָר איצטער דערצעהלען.

**עמא** : די צווייטע העלפט בעדאַרף נאָך בלייבען אַ סוד.

**ברוך** : ווידער כודה...

**פרידע** : פאַר דער מוטער בעדאַרף מען אַלץ דערצעהלען.

**דאָרא** : וואָס פאַר אַ סוד האָט איהר עס?

דאָרא : און וואָס ווענט ווײַטער זײַן ?

ברוך : וואָס ווענט ווײַטער זײַן . . . (געהט אום אויף און אָב) איך קלער די גאַנצע צײַט, וואָס טילע איז דאָ אַלײַן געזעסען און געוויינט .

דאָרא : און איך אויך דאָס אײַגענע .

ברוך : וואָס קען מען דען דערבײַ אַנדערש ווירקען ?

דאָרא (שמערצליך) פאַרוואָס ווייסט ער ניט פון דעם ? אפשר, ווען ער זאָל וויסען .

ברוך : פאַרוואָס זאָל ער ניט וויסען ? . . ער איז גאַנץ זיכער, אַז די קינדער האָבען, ווער ס׳זאָל פאַר זיי זאָרגען ; וועט עס זאָל איבער זיי וואַכען . און אין דער ווירקליכקײַט איז דאָך אַזוי . . .

דאָרא : אפשר . . .

ברוך : אין דער גאַנצער אַקאַדעמיע בין איך געוועזען דער אײַנציגער, צו ווע‌מען ער איז געווען אַזוי שטאַרק צוגעבונדען .

דאָרא : און איצטער אַזוי דערווײַטערט אײַנער פון אַנדערן .

ברוך : איהר האָט אַ טעות, דאָרא . מיר זענען אפשר איצטער נאָך נעהנטער אײַנער צום אַנדערן . מעגליך, אַז מיכאַל ווייסט עס נאָך ניט, נאָר דאָך איז עס שוין געשעהן .

דאָרא (אונגרוהיג) וואָס מײַנט איהר מיט דעם ?

ברוך : אַך, דאָראַ העלמאַן, ווי זאָל איך מײַנע פערציג יאָהר מיט׳ן ווינד צוזײַהען ! און דער אָפטער גאַסט, וואָס איך בין די לעצטע צײַט אַזוי געוואָרען אין אײַער הויז, וואָס בעדײַט עס ? זאָגט מיר, וואָס טהו איך איצטער אין אײַער הויז ? וואָס כלאָנדזשע איך אום אין אײַערע צימערן ?

דאָרא (ניט פערשטעהענדיג) האָט וואָס מיכאַל מיט אײַך גערעדט ?

ברוך : איך האָב שוין מיט העלמאַנען לאַנג ניט גערעדט . כ׳האָב איהם שוין, דאַכט מיר, אַ חדשים דרײַ ניט געזעהן .

דע דרעמאָלט אויפ'ן שייד-וועג געטראָפען — מיט גאַנץ פערשיידענע וועגען זענען מיר ביידע איינס צום אנדערען געקומען און אויפ'ן שייד-וועג זיך געטראָפען, און ביידע האָבען מיר געמיינט, אַז ווייטער וועט שוין אונזער וועג איינער זיין, איינאיינעם ציהען — אָבער, ווי עס שיינט, האָבען זיך אונזערע וועגען ווידער צוטיילט...

**ברוך**: אויפ'ן שייד-וועג וועט איהר זיך נאָך ווען עס איז נאָכאַמאָל בעגעגענען. אין דעם, דאָרא, בעשטעהט אונזער לעבענס-טראַגעדיע, וואָס מיר אַלע ווען מיר בעגעגענען זיך אַמאָל, איז עס בלויז אויפ'ן שייד-וועג.

**דאָרא**: דער וועג מיינער האָט זיך שפּעטער ווי פערנעבעלט; נאָר ניט לאַנג האָט עס געדויערט. — די געפיהלען פון אַ מוטער זענען גאַנץ אַנדערע: בין איך נאָר אַ מוטער געוואָרען, האָט זיך פאַר מיר מיין פערנעבעלטער וועג ווידער אויסגעלייטערט. איך בין אַ מוטער און ביים האַנד בעדאַרף איך אין לעבען די יוגענד אַרויספיהרען.

**ברוך**: ניט אַזוי לייכט איז עס צו בעווייזען דער יוגענד איהר וועג.

**דאָרא**: איך ווייס עס גאַנץ גוט. די יוגענד האָט זיך איהר אייגענעם וועג, און די מוטער מוז די יוגענד אין איהר אייגענעם ערוואָרבענעם וועג פיהרען. און ווי שווער עס זאָל איהר ניט זיין, אין ווי עס זאָל איהר ניט וועהע טאָן — דאָך בעדאַרף זי אָן אַלץ און אָן זיך פערגעסען, די מוטער בעדאַרף וויסען, אַז זי עקזיסטירט צוליעב דער יוגענד. אָ, זעהר אָפט מוז איך מיך אַליין אין אַ קליין קינד פערוואַנדלען.

**ברוך**: יאָ, דעריבער רייסט זיך אַזוי מיין קינד צו אייער הויז... אַ הארץ פון אַ פאָטער שפּירט גאַנץ אַנדערש. פיליייכט זענען די געפיהלען די נויטיגע ביים פאָטער אין הארצען פאַרהאַנען פאַר זיינע קינדער — אָבער די מוטערליכע ווערטער פעהלען איהם. דאָס האָט מיין קינד געפעהלט, און איך האָב עס איהר ניט געקענט געבען... אין

דאָרא : ניט שטענדיג איז עס אזוי, מיין פריינד. נאָר ביי מיר אין הויז איז עס א גאנץ נאַטירליכע ערשיינונג. בין איך דען אליין ניט קיין לעבעדיגע רעטעניש פאר מיינע אייגענע קינדער?.. און צי איז דען ניט זייער פאָטער פאר זיי, פאר זיינע אייגענע קינדער, קיין רעטעניש? אפשר האָבען זיי שוין אָנגעהויבען אליין צו פערשטעהן... אָבער ווען זיי זענען נאָך קליינע קינדער געוועזען, פלעגען זיי שטענדיג קוקען אויף מיר מיט פערוואונדערטע אויגען... און די ראָזיגע קינדערשע, אונשולדיגע אָפענע אויגען האָבען מיר קיין רוה נישט געגעבען. זיי האָבען ביי מיר שטענדיג ווי עפּיס געפרעגט; האָבען פערלאנגט, איך זאָל זיי פון עפּיס דערצעהלען... האָט איהר דאָך איצטער אליין געזעהן, איך האָב קיין ווערטער נישט אויסצודריקען דאָס געפיהל, כ'מיין דאָס, וואָס דאָס יונגסטע פון מיינע קינדער לעבט איבער אין דער שטיל. איך האָב נאָר לפנים ווענען ביי איהר געפרעגט, אויב עמיצער האָט זי בעלעדיגט. מיינע קינדער בעלעדיגען נישט איינער דעם אנדערן. עפּיס אנדערש איז דאָ פאָרגעקומען, וואָס איך פיהל און פערשטעה — און קען עס נישט איבערפרעגען. איהר בעדאַרפט וויסען, מיין פריינד, אז אויב קינדער אין איין הויז בעדאַרפען בלאָנדזשען צווישען צוויי בעזונדערע וועלטען — דאָס האַרץ, דאָס קינדערשע האַרץ, מוז דערמאָלט צוריסען ווערען.

ברוך : אזוי, מיין פריינד, וואַקסט די יוגענד, און מיט איהר אינאיינעם וואַקסט דער עלענד.

דאָרא : אך, דער ראָזיגער געדאנק, ווי שרעקט ער מיך! ווי ער פערפאָלגט מיך אין דער שטיל.

ברוך : קענט איהר דען וויסען, וואָס ער לעבט איבער דאָרט אליין פאר זיך?...

דאָרא : וואָס מיכאל לעבט איבער, ווייס איך גאנץ גוט. און ווען איך גיה פאַרביי נעבען די טירען פון זיין אַרבייטס-צימער, די טירען זענען פערמאַכט, פעסט פערשלאָסען;

ליעב איך האָב דיך, פּאַפּאַ! . . . איך וויל, דו זאָלסט אויך אַמאָל זיצען מיט אונז, רעדען מיט אונז.

מיכאל (פלוצלונג): הער, מיין קינד, וואָס דו זאָלסט דער מוטער זאָגען . . .

טילע : אַליין וועל איך זאָגען.

מיכאל (ער דריקט זי צו זיך).

טילע : איך וועל איהר דערצעהלען, אַז דו ביסט מיט מיר היינט דאָ געוועזען, און דו האָסט מיך אָט אַזוי אַרומגענומען. אָט אַזוי. און איך וועל איהר דערצעהלען . . .

מיכאל (צושטרייט): זאָלסט איהר זאָגען . . .

טילע : כ'וועל איהר דערצעהלען, אַז דו האָסט מיך אָט אַזוי אַרומגענומען און האָסט צו מיר געזאָגט: „מיין ליעב קינד, מיין ליעב קינד".

מיכאל (אויטאָמאַטיש): מיין ליעב קינד, מיין ליעב קינד.

טילע : און אַז דו ביסט אומגעגאַנגען אין אַלע צימערן און האָסט גערופען: „וואו זענט איהר מיינע קינדער? . . וואו זענט איהר מיינע קינדער? . ."

מיכאל : וואו זענט איהר מיינע קינדער? . . וואו זענט איהר מיי־נע קינדער? . . .

טילע : (קושט איהם אויפ'ן שטערן) און דער מוטער וועל איך זאָ־גען . . .

מיכאל (ווי פון אַ חלום ערוואַכט): ווי פערשיידען זענען די וועגען פון יעדען איינציגען מענשען! ווי פערשיידען זענען די הערצער אפילו ביי פאָטער און מוטער! צו וואָס קען עם אַליין פיהרען?

טילע : פאַרוואָס ביסטו, פּאַפּאַ, אַזוי אומעטיג געוואָרען? בין איך דען שולדיג? אַז איך ליעב דיך אַזוי שטאַרק און די מאַמאַ . . .

מיכאל (ער בעמערקט זיך פּלוצלונג פון איהר, געהט אַב רעגענדיג ;)

מיכאל : איך האָב דיך ליעב, מײַן קינד.

טילע : און אַז איך וועל דיך רופען — פּאָטער! וועסטו זיך אומקוקען?

מיכאל : (שווײַגט)

טילע : (גלעט זײַן האַנד) איך וועל עס דיר קײנמאָל ניט דערצעהלען, וואָס איך ווײס. דו הערסט — קײנמאָל ניט, קײנמאָל ניט.

מיכאל : זאָג מיר, קינד מײַנס, ווער האָט דאָס בילד אַהער געבראַכט? ס'איז דאָך געווען ערגעץ אויפ'ן בוידעם פערוואָרפען. ווער וויל עס איצטער דאָס דאָזיגע בילד אויפ'ן וואַנד אויפהענגען? די מוטער?

טילע : נײן, דו ווײסט ניט, דו ווײסט גאָרנישט... איך ליעג אַמאָל אַ גאַנצע נאַכט אויף מײַן געלעגער מיט אָפענע אויגען און איך קען ניט שלאָפען.

מיכאל : (פערוואונדערט) וואָרום דען?

טילע : ס'איז מיר אומעטיג און איך בענק אַזוי, פּאַפּאַ...

מיכאל : וואוהין, קינד מײַנס?

טילע : איך בענק צו דיר אַזוי שטאַרק! אַזוי שטאַרק ווי די מאַמאַ בענק איך. איך וויל, דו זאָלסט מיר זאָגען: „קינד מײַנס, ליעב האָב איך דיך, ליעב האָב איך דיך" — אַזוי ווי די מאַמאַ זאָגט מיר שטענדיג... און אַז זי זאָגט עס מיר, זענען איהרע אויגען פול מיט טרעהרען, און איך פערשטעה פאַרוואָס דאָס איז.

מיכאל : נאָר צו דיר אַלײן איז זי אַזוי?

טילע : נײן, צו אונז אַלעמען. זי זעצט זיך אַמאָל אַנידער אויפ'ן טעפּיך, אויף דער ערד און מיר אַלע אַרום איהר. זי קושט אונז, זי האַלזט אונז, — „קינדערליך מײַנע ליעבע, קינדערליך מײַנע ליעבע" — זאָגט זי צו אונז.

מיכאל : (ווי צו זיך) ווי גליקליך איז די מוטער!

פרידע : דו פֿעַר'גנבֿ'עסט זיך אַמאָל הינטער זײַנע פּלײצעס, ווען ער אַרבײַט ?

יוליאַן : ס'איז מיר מיט אַמאָל אומעטיג געוואָרען.

פרידע : קום וועלען מיר גיין אויפֿזוכען עמען.

יוליאַן : (ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָהנט) איך וואָלט צחישען די בילדער מײַן מוטער דערקענט.

פרידע : (זי דערנעהנטערט זיך צו איהם; זי נעהמט זײַן האַנד און דריקט צו איהר האַרצען, רעדט געהײמניספֿאָל) ווײַסט עס, יוליאַן ? פֿון וואַלד געהט שטיל די פֿרוי אַרוים, ווײַסט, ווער דאָס איז ? מײַן מוטער!.. זי שטעהט זיך בײַם ראַנד וואַלד און קוקט אויף אַלע זײַטען און זוכט — דאָס זוכט זי עם מיך, איהר פֿערלוירענעם קינד. וואָס זאָגסטו, יוליאַן ? מיר זוכט זי עס... (ביידע שווײַגען)

עמא : (קומט אַרײַן).

פרידע : (וואַרפֿט זיך עמען אויפ'ן האַלז) עמאַ, מײַן שוועסטער! מײַן שוועסטער... (פֿערבאָרגט איהר קאָפּ אויף עמאַס אַקסעל).

עמא : די מאַמאַ רעדט איצט מיט מײַן פֿאָטער, פֿרידע.

פרידע : (ניט אויפֿהויבענדיג דעם קאָפּ) ווי זעהט ער איצט אויס, דער פּאַפּאַ מײַנער ? ער מוז געוויס בלאַס זײַן. האָסט נאָך קיינמאָל מיט מײַן פֿאָטער ניט גערעדט אַזוי... האָסט נאָך קיינמאָל ניט... אָ, ווען איך וואָלט מיר קענען אַזוי שטיל זיך צו איהם אין האַרצען אַרײַנשלײַכען...

יוליאַן : ער ליעבט דיך דאָך אַזוי שטאַרק.

פרידע : דעריבער דערצעהלט ער מיר פֿון קיין זאַך ניט. ער דערצעהלט מיר ניט פֿון דעם, וואָס ער טראָגט טיעף בײַ זיך אין האַרצען,

יוליאַן : מיר דוכט, אַז מען געהט אַהער.

פרידע : קומט לאָמיר איצט פֿון דאַנען אַרויסגעהן. (געהען אַלע אָב רעכטס).

פרידע : ער דערצעהלט מיר וועגען איהר קיינמאל גארנישט און איך אליין וויל איהם קיינמאל וועגען דעם ניט פרעגען.

יוליאן : פארוואס ?

פרידע : אזוי, איך קען איהם קיינמאל וועגען איהר ניט דערמאה-נען. ער קען נאך טרויעריגער ווערען. ווען ער זאל וועלען, וואלט ער דאך מיר אליין דערצעהלט.

יוליאן : און צווישען די בילדער וואס העננען ביי איהם אין אר-ביים-צימער ?

פרידע : איך זוך זי שטענדיג צווישען זיינע בילדער, איך וויל זי דערקענען.

יוליאן : איך וואלט זי שוין דערקענט. ווען איך וואלט קיינמאל מיין מוטער ניט געזעהן און מען וואלט מיר געוויזען א גאנצע אויסשטעלונג פון פארטרעטען, פרויען-פארטרעטען, און הייסען מיר צווישען זיי מיין מוטער דערקענען — וואלט איך זי גלייך דערקענט.

פרידע : ווייל דיין שוועסטער, עמא, איז אין איהר גערא טען.

יוליאן : ניין; ווייל קיין אנדערע מוטער אויסער מיינער וואלט איך מיר קיינמאל אין מיין געדאנק ניט געקענט פאר-שטעלען.

פרידע : צווישען מיין פאטערס בילדער, אפילו צווישען זיינע לאנדשאפטען, זענען זעהר פיעל בילדער פארהאן מיט פרויענגעשטאלטען. — א גרויסער לאנדשאפט — און אנ'-איין-איינציגע פרויענגעשטאלט; און די פרויען זענען זעהר עהנליך איינע צו דער צווייטער.

יוליאן : (ווי א סור איהר איבערויטענדיג) דאס איז דיין מוטער.

פרידע : מיינסט אזוי ?

יוליאן : וועסט עמען פרעגען, וועט זי דיר אויך דאס איינענע זאגען.

פרידע : איין בילד שטעלט פאר א גרויסען וואלד. פון וואלד

עטא : וואָרום ווייל איך נעמען נאָך קיינעם פאַר אונזער יונגערזאל? איינסאַלען (גייט שריט)

פרידע : דאָס געטראָפן, ווי שיין דיין שוועסטער איז!

יוליאן : (שווייגט)

פרידע : דאָס געזעהן!

יוליאן : איך האָב געקוקט. ווי שיין פרידע איז.

פרידע : און איך האָב געטראַכט: אויף אייך בייזערן. (פערשעמט איינס בירעטער און אויף דער שוועסטער און איך האָב אייך בייזערן געזעהן. (בייזט שטרענג).

יוליאן : וועלען מיר אויך נעמען קיינעם איינצאַפּעלען פאַר אונזער ציטער!

פרידע : ווילסט. איך וויל דעם פאָטער מיינעם בעטען, ער זאָל אין דעם בילד פון וואַנטאַזיאַנג דיין געשטאַלט אויס־שטעלען!

יוליאן : איך וועל אים בעטען, ער זאָל דיך קאָפּירען; עטא וועט עס אויך פון אים פערלאַנגען.

פרידע : דיך און עטען; עטא וועט זיין דאָס מאַרגענ־ליכט.

יוליאן : (קוקט איהר פיין ליעבע אין די אויגען גלייך) און זאָ, ביי אונז וועסטו שוין בלייבען! דאָ ביי אונז אינזאַמענעם וואַקסען! עטא איז אַלט זעכצעהן יאָהר. איך זיבצעהן און דו עלף יאָהר — אָ, ווי לאַנג מיר וועלען נאָך אינזאַמענעם וואַקסען!

פרידע : און אויער מוטער וועל איך אויך מוטער רופען. איך וועל עס אַזוי איבערצייגען קינדעש, ווי די קליינע מיידע
(שטעהנען ביידע)

יוליאן : דו געדענקסט גאָר ניט דיין מוטער!

פרידע : ניין, איך געדענק זי ניט.

יוליאן : דיין פאַפּאַ האָט דיר קיינמאָל וועגען איהר ניט דער־צעהלט?

עמא : געוויס נאָך הײַנט, דו זאָלסט איהם אָבער ניט זאָגען, צוליעב וואָס מיר פערלאַנגען עס.

פרידע : נו, געוויס וועל איך איהם ניט זאָגען.

יוליאן : און דו מײַנסט, ער וועט פאָלגען?

עמא : פרידע זאָל איהם גוט בעטען.

פרידע : ער וועט מיך געוויס פאָלגען. (א וויילע בלײַבען אלע שטעהן שווײַגענדיג, ווי בעגײַסטערט פון דער אידעע.)

יוליאן : וואָס נאָך זאָל מען אהער ברענגען?

פרידע : מיר דוכט, אז אַלץ איז שוין אין דעם צימער פאַרהאַנען.

עמא : (אומעטיג) אַלץ איז שוין פאַרהאַנען... ווען אונזער פאָטער וואָלט וועלען צו אונז אהער אַרײַנקומען...

פרידע : קומט ער גאָר ניט אַרײַן צו אײַך?

עמא : גאַנץ זעלטען.

יוליאן : איך וועל איהם בעטען, ער זאָל צו אונז אין געסט קומען, ווען מיר וועלען דאָס צימער בעגײַען.

פרידע : דאָס וואָלט זעהר שען זײַן.

עמא : די מוטער וועט א רעדע האַלטען, און מיר חעלען זי הויך, הויך אויפהויבען ביז צום זונענאויפגאַנג.

יוליאן : ווען דאָס בילד וועט שוין פאַרטיג זײַן און אויפ׳ן וואַנד הענגען.

עמא : ביז צום זונענאויפגאַנג וועלען מיר זי הויבען. — אַלץ ווענדט זיך דאָך אָן אונז; אויב מיר וועלען נאָר שטאַרק פערלאַנגען. — וואָס ניט, פרידע?

פרידע : געוויס, אַלץ ווענדט זיך אָן אונז.

עמא : איצט וועלען מיר אַלע אײַנאָטהמען אויסרופען, ווי אונזער צימער וועט הײַסען, אָבער ניט הויך, מען זאָל ניט הערען אין יענע צימערן — נו, דער יונגענדזאַל!

אלע : דער יונגענדזאַל! דער יוגענדזאַל!

פרידע : אַז איך זאָל אײַנגאַנצען בלײַבען בײַ אײַך אין הויז ?

יוליאַן : נו, געוויס.

פרידע : איך מײַן, אַז וועגען דעם רעדען זײַ איצטער.

יוליאַן : זײַ זיצען בײַ דער מוטער אין קאַבינעט ?

פרידע : יאָ, דאָרטען זיצען זײַ. איך מײַן, אַז געוויס האָט שוין דער פאָטער מײַנער גערעדט מיט איהר ?

יוליאַן : זי וועט אונז וועגען דעם דערצעהלען. זי דערצעהלט אונז וועגען אַלץ.

פרידע : איצטער רעדען זײַ געוויס וועגען דעם...

יוליאן : דאָס וואָלט גוט געווען.

פרידע : אַך, ווי גוט דאָס וואָלט געווען !

עמאַ : (קומט אַרײַן, טראָגט אַ גרויסען פּאָרטרעט אין אַ גרין-בעגאָלדעטען ראַם אײַנגעפּאַקט) ניטשט געווען דאָ די מאַמע ?

יוליאן : נײַן, וואָס טראָגסטו אַזוינס ? אַך, דעם פּאַפּאַ אין דער יוגענד !

עמא : איך האָב דעם פּאָרטרעט אויפ'ן בוידעם צווישען זײַנע אַמאָליגע בילדער געפונען. (אַלע באַקוקען דעם פּאָרטרעט).

פרידע : אָט דאָס איז אײַער פּאָטער אין דער יוגענד — ווי שען ער איז !

יוליאן : קענער האָט איהם ניט בעמערקט ?

עמא : קײַנער ניט.

פרידע : ווי טיעף זײַנע אויגען זענען ! זײַ זענען בײַ איהם שוואַר-צע, יאָ ?

עמאַ : ער איז דאָך אַ ברונעט !

פרידע : איצטער איז ער שוין גרוי ?

יוליאַן : ניטשט אַזוי שטאַרק גרוי.

עמאַ : דער ליעבער פּאַפּאַ אונזערער ; ווי שײַן ער איז דאָ !..

פרידע : דאָך איז אַ שאָד. סיס אַזוי כאָל. פון קליינע קינדער פלוצלונג גרויסע מענטשן ווערן.

יוליאַן : (ער נעמט פאַר: ס'איז דער קינדערלעכער פערד, וועלכער שטייט אין אַ ווינקעלע) איך געדענק, ווען כ'האָב אויף דעם הילצער־נעם פערד געריטען.

פרידע : און זיך פאַרגעסטעלט, אַז איהר רייט אויף אַ לעבעדי־גען פערד.

יוליאַן : געווים, אַז איך פלעג איהם אַ שמייס טאָן, ער זאָל שנע־לער געהן, האָב איך געמיינט, אַז איהם טוען די שמיץ וועה.

פרידע : און אַז ער לויפט אַן אַכט'ן שנעלער !

יוליאַן : און אַז ער לויפט שנעלער (ביידע לאַכען צופרידען).

פרידע : און איך פלעג מיר קינדערווייז ביינאַכט אויפכאַפּען און זעהן, אויב די פּופּע מיינע שלאָפט; אָדער אפשר וויל זי זיך איבערקערען אויף דער אנדערער זייט (ביידע לאַכען). מיר לאַכען אַזוי הויך, אַז מען קען נאָך דערהערען אין יע־נעם צימער.

יוליאַן : און כ'ס אַמאָל וועלען מיר גרויסע געוואָרען... ניין, מיר וועלען דאָך נאָך אַלץ קליינע קינדער געבליבען.

פרידע : פרובט זיך איצט זעצען אויפ'ן פערד רייטענדיג, איך וויל זעהן.

יוליאַן : אַט וויל איך באַלד אויפזוכען מילעס פּופּע און איהר וועט זי אויפ'ן האַנד נעהמען. איך וויל אייך זעהן... (ביידע לאַכען).

פרידע : דאָך זאָל בלייבען דער נאָמען פון דעם צימער, "דער קינדער־זאַל" און דאָ וועלען מיר זיך אַלע מאָל צוזאַמען־קלייבען אין נעסט;

יוליאַן : וואָלט שוין אַבער פּאַסער רעדען מיט מיין מוטער.

# עֶרְשְׁטֶער אַקְט.

בײַ מיכאל הילמאן.

אַ גרויס ליכטיג צימער. וועלכעס איז לויט זיין אויפפאַסונג עהנליך מעהר צו אַ קינדערצימער. וואו-ניט-וואו איז צו מערקען קינדערשע שפּיעלצײַג. רעכטס און לינקס צו איינציגע טירען. אין הינטער-וואַנד צוויי פענסטער. אַ־ום האַלבען טאָג.

פ ר י ד ע און י ו ל י אַ ן קומען אַן דורך דער טיר לינקס. זיי טראָגען ביידע אַ טישעל. בלײַבען שטעהן אין מיטען צימער.

פרידע : זאָל ער דערוויילע שטעהן אין מיטען צימער, ביז עמאַ וועט אַרײַנקומען.

יוליאַן : איבערהויפּט בעדאַרף קײַנער ניט וויסען דאָס, וואָס מיר האָבען צוגעקלערט.

פרידע : דאַכט זיך, אַז קײַנער האָט אונז נישט בעמערקט, ווען מיר האָבען דעם טיש פון דאָרט אַרויסגעטראָגען.

יוליאַן : די אַלע קינדערשע נאַרישקײַטען איז שוין צײַט פון דאַנען אַרויסצוטראָגען

# פֶּערְזָאנֶען:

| | |
|---|---|
| מיכאַל העלמאַן | אַ קונסט־מאַלער. |
| דאָראַ העלמאַן | זיין פרוי. |
| עמאַ<br>יוליאַן<br>טילע | זייערע קינדער. |
| ברוך שנייערמאַן | אַמאָליגער העלמאַנס אַ חבר פון אַקאַדעמיע. |
| פרידע | זיין טאָכטער. |






פרץ הירשביין.



# אויפ'ן שייד=וועג.




אַ דראַמע אין דריי אַקטען.




פערלאַג „פראגרעס".

ווארשוי. ניו=יארק

תרע"א — 1911

